פרייז 20 גר. DUS LICHT ערשטער יאהרגאנג נר. 1.

# דאס ליכט

להאיר להם את הדרך אשר ילכו בה

ערשיינט יעדען פרייטאג. ארטאדאקסיש ארגאן פאר גאליציען. ערשיינט יעדען פרייטאג.

ב״ה קראקא, פרייטאג וארא כ״ו טבת. ליכט צינדען 3.51, מ צש״ק 5.10 Kraków, dn 16 stycznia 1931.

אדרעס פ׳ן דער רעד. און אדמ.: קראקא ר. מייזעלסא 4. טעל. 120-96 Adres Red. i Adm.: Kraków, R. Meiselsa 4. Tel. 120-96

# א ווענדונג צו די לעזער!

ס׳איז אלעמען בעוואוסט דער געוואלטיגער כח פון דער פרעסע. יעדע גרופע, יעדע בעוועגונג ווי קליין זי זאל נישט זיין האט זיך איר אייגען ארגאן צו פארשפרייטען אירע אידעען, צו שטיצען אירע אינטערעססען און צו פארטיידיגע איר כבוד.

**מיר אבער! דאס רעליגיעזע יודענטום אין מערב גאליציע האט נישט איר ארגאן ווי ארויס־צוזאגען איר מיינונג ווי צו דעמאנסטרירען דעם רצון פון די רעליגיעזע יודען וואס זענען ביי אונז נאך ב״ה דער רוב מנין און רוב בנין.**

מיר ווערען אינגארירט, מיר ווערען אויסגעלאכט און פארשעמט. מיר פעלירען איין פאזיציע נאך דער אנדערער אלץ — ווייל מיר האבען נישט קיין אייגען ארגאן. אונזערע גדולים ווערען אויפ׳ן שענדליכסטען אופ׳ן בעליידיגט, אונזער כבוד ווערט געטרעטען מיט די פוס ווייל מיר האבען נישט אונזער צייטונג וואס זאל אונז שיצען.

די יודישע הייליגקייטען ווערען פארשוועכט. דער הילול שבת פארשפרייט זיך עפידעמיש און דראהט צו פארפלייצען דאס הארץ פונ׳ם יודישען קראקא — דעם קוזמארק און ס׳איז נישט פארהאן א יודישע צייטונג וואס זאל וועקען, מאהנען נישט דערלאזען צו אזעלכע הימעלשרייענדיגע פרצות.

**אזוי טאר עס ווייטער נישט פארבלייבען!** די גאל. ארט. איז אמאל געוועזען די ערשטע וואס האט פארשטאנען די נויטווענדיגקייט פון א אייגענער פרעסע און היינט זאלען מיר זיין אזוי צוריק אן א אייגען ארגאן? ניין! אזוי טאר עס ווייטער נישט זיין!

**מיר האבען אויף זיך גענומען די שווערע אויפגאבע צו שיצען און פארטיידיגען דעם יודי־שען כבוד צו זיין דער ארגאן פון רעליגיעזען יודענטום אין גאליציען צו וועקען און מאהנען צו וויכטיגע מעשים.**

דאס רעליגיעזע יודנטום אין מ. גאליציען איז צערשפליטערט! דער פירוד הלבבות וואס הערשט אין אונזערע רייען שוואכט אפ אונזערע כחות און שטארקט אונזערע געגנער, האבען מיר דארום אויף זיך גענומען צו שאפען אן ארגאן אונפארטייאיש בשותפות׳דיג פאר אלע רעליגיעזע גרופירונגען, צו שאפען א פעראייניגטען שטארקען ווירקענדען כח להצלת היהדות.

מיר האפען אז אלע יודען אהן אויסנאם וואס האבען אינטערעסע אינ׳ם פערשטארקען פון רעליג. יודענטום, וואס ווילען אז זייער יוגענד זאל נישט אוועק אין פרעמדע לאגערן **וועלען אונז צוהעלפען אין אונזער וויכטיגער ארבייט.**

מיר וועלען זיך בעמיהען אוועקצושטעלען אונזער צייטונג אויף דער נעהערינגער הויך. מיר וועלען אויך געבען די לעזער אינטערעסאנטע לעזע מאטעריאל און מיר וועלען זיך בעמיהען אונזער צייטונג כסדר צו פערגרעסערען און פערבעסערען אין דער האפנונג **אז אלע יודישע יודען אהן אונטערשיעד וועלען אונז שטיצען אינם קאמף פאר יודישקייט.**

ווייל נאר דאמאלס ווען איר אלע וועט אונז שטיצען וועלען מיר קענען פערווירקליכען אונזער אויפגאבע:

**צו שטיצען און הרעפטיגען דאס רעליגיעזע יודענטום ביי אונז אין לאנד.**

די רעדאקציע

**„דאס ליכט״.**

# מיט אחדות וועלען מיר פיעל דערגרייכען.

די לאַגע פון די יודען אין לאנד איז זעהר א שווערע. די גרעסטע שטייער לאסט פאלט אויף די פלייצעס פונ'ם שוואכען ארימען אין דערדריקטען יודישען מסחר. קיין שום ריקזיכטען ווערען נישט גענומען, קיין שום פערלייכטערונגען, און דער יודישער מסחר געהט טאַקי מטה מטה. נישט בעסער איז עס אויך מיט די יודישע בעלי־מלאכות, אויך זיי ווערען דערדריקט און צערקוועטשט פון דער אונרחמנות'דיגער שטייער שרויף. וואלט מען כאָטש פון דעם רעגירונגס־טיש געשטיצט דעם יודישען מסחר מיט ביליגע הלואות וכדומה בכדי מיזאל קענען דעם יודישען סוחר כסדר מעלקען מיט שטייערן, וואלט עס נאָך געווען ווי עס איז, צו דערטראָגען.

אַזוי ווי דער צושטאַנד איז אָבער איצט, איז אונזער לאַגע עהנליך צו די יודען אין מצרים, ווען פרעה האָט געגעבען דעם בעפעהל, תבן אין ניתן לעבדך ולבנים אומרים לנו עשו.

קיין מיטלען און מעגליכקייטען צום האנדלען גיט מען נישט דעם יוד און שטייערן זאָל ער צאָהלען.

מ'האָט געהאָפט אז די איצטיגע רעגירונג וועלכע פאַרשטייט דאָך די אונמעגליכע לאַגע פון די יודען און וועלכע האָט נישט קיין בולט'ע אנטיסעמיטישע כוונות וועט פון זיך אליין טראַכטען צו פערלייכטערען דעם יודישען מצב. עס איז דאָך פאַר דער מלוכה זיכער נישט געוואונשען אז די יודען אין לאנד זאָלען פראָלעטאַריזירט ווערען.

די דאָזיגע האָפנונג האָט גענארט. די רעגירונג האָט אָפּיציעל פאַר דער גאָרער וועלט ערקלערט אז מ'קען נישט פערקלע־נערען די שטייערן. איי, די שטייערן ווערען נישט גערעכט פאַרטיילט, מ'ליגט ארויף אויף דעם שוואכען יודישען מסחר פאַרהעלטניסמעסיג צעהן מאָל אזוי פיעל שטייערן ווי אויף דעם פויער און פריץ. האָט די רעגירונג — ווייזט אויס — נישט קיין איבריגען חשק צוליעב אונזער טובה איינצורייסען מיט די פויערים אדער פריצים.

אונז דאכט אבער, אז אין דעם אלעם זענען מיר יודען אליין שולדיג.

אונזערע מחלוקת'ען און ארומרייסענישען ברענגען דערצו אז מ'הערט נישט אונזער וויי־געשריי.

ווען מיר, ווען אלע אונזערע דעפוטאטען הייסט עס זאָלען אוועקשטעלען אלע מחלוקת'ען אין דער זייט און השכם והערב אויפמערקזאם מאכען אויף דעם אונמעגליכען מצב פון די יודען, טאָג איין טאָג אויס דערמאהנען די גרויסע עולה וואס ווערט אונז געטהון. טאָג איין טאָג אויס מאָהנען און פאדערן א פערבעסערונג פון דער לאַגע, וועט זיך די רעגירונג מוזען צו הערען צו אונזער וויי־געשריי, וועט די רעגירונג מוזען זוכען א עצה צו פערגרינגערן אונזער לאַגע.

אבער נור ווען מ'וועט אלע אלטע חשבונות אוועקשטעלען אויף א צייט אין דער זייט פאר דער יודישער נויט.

דארפען מיר איצט דאָס פאָדערען פון די יודישע דעפוטא־טען און זיך ווענדען צו זיי מיט אָט וואָס:

איהר זעהט שוין, אז שנאת חנם ברענגט צו גאָר נישט, זייט דעריבער מבער אין גאנצען דעם יצר הרע פון שנאת חנם און פוסטע מחלוקת'ען ביי אייך. שטעלט אלעס אָן א זייט און שאַפט אנ'איינהייטליכען יודישען פראָנט אין ווירטשאַפטס־ענינים, מאַכט אחדות בנוגע דער יודישער נויט, וועט איהר נאָך פיעל רעטען.

זאָלען די יודישע דעפוטאַטען צוזאַמען מיט אונזערע ווירטשאַפטליכע אָרגאניזאציעס כסדר מאָהנען און איבערגעבען די רעגירונג מעמאָראנדומס וואָס זאלען בולט אילוסטרירען אונזער טרויריגען מצב און פאָדערען פערלייכטערונגען.

אז מיר וועלען געהן אלע צוזאמען אהן מחלוקת'ען, אהן ארימרייסענישען און אָהן זייטיגע כוונות, אז ס'וועט זיין אחדות, וועלען מיר זיכער פיעל דערגרייכען.

ר. סאלאמאנאָוויטש.

# א חרפה פאר דער קולטורעלע וועלט!

עס איז באמת א חרפה.

וואָך איין וואָך אוים ווערט די יודישע עפענטליבקייט אויפ־גערודערט מיט אלארם־בעריכטען פון דער פעלקער־בונד מדינה די שווייץ.

וואס איז געשעהען?

צו איז עס עפעס א ישועה־רוף, א טרייסט־מודעה פאר' נערודפ'טען יודישען פאלק?

עפעס א כאלזאס צו די טריפענדע וואונדען פונ'ם יודישען פאלק'ס קערפער?

ניין! גאר נישט פון דעם אלעמען!

לעת עתה איז עס נאר ווידער אפרישער יודישער קרעכץ וואס דער טראגט זיך צו אונז פון די הויכע שווייצארישע בערג.

א פרישע גזירה וואס עס האבען אויסגעקלערט פאר אונ־זערטיווענען די רודפי־שלומ'ניקום פון גענף. חאסט די יודיש פאלק ווייניג נעם דיר נאך.

א בייזער חלום האט זיך זיי געחלומט די גרויסע לייט פון גענף נעהט ער אוים צו אונזערע קעפ.

ס'האט זיך זיי פערוויילט — די הערען פון פעלקער־בונד — עפעס אויפטוען פאר דער געפלאגטער וועלט, טא נאץ אייך א קאלנדער רעפארם צום טיש.

ענטוואַפנונג־הערט מען דעם פעלקער־בונד ווי די קאץ.

שלום צווישען די פעלקער — די געפאר פון מלחמה איז איצט גרעסער ווי ווען עס איז געוועזען מ'דארף דאך אבער עפעס אויפטוען.

האט מען אויסגעקלערט א ישועה פאר דער וועלט — קאלענדער רעפארם,

ווער מיר וועלטס־קריזיס, ווער מיר ארבייטסלאזינקייט, ווער מיר בעוואפנונג, ווען ארט די שרעקליכע שנאה וועלכע וואקסט צווישען די פעלקער וואס דראהט ממש מיט א קאטאסטראפע.

די וועלט האט נאר איין זאָרג.

באשר ככן דער קאלענדער איז עפעס נישט אין ארדנונג.

די גרויסע פינאנץ־לייט ווערען געשטערט אין זייערע ביזנעס עטליכע טאג אין יאהר, בעוויל די גויאישע חגאות געפאלען אפט אין מיטען דער וואך און נאכדערצו נישט אלעמאל אין די זעלביגע טעג נאר אמאל זינסטאג, אמאל דאנערשטאג א. א. וו. איז דאס א גרויסע שטערונג, מוז מען דערפאר מאכען דעם קאלענדער איינ־פאך פראסט.

# די רבנים געגען לוקסוס.

## א וויכטיגע זיצונג פון אגודת הרבנים.

פארגאנגענע וואָך איז געוועזען אין ווארשא א זיצונג פון דער אגודת הרבנים. איינע פון די וויכטיגסטע זיצונגען אפשר פון זייט דער גרינדונג פון דער אגודת הרבנים. אויב אנפאנגס פלעגט די אגודת הרבנים זיך מעהר אבגעבען מיט ענינים וואס זענען נוגע די רבנים'ס מאטעריעלען מצב — האָבען זיי איצט בכובד ראש בעהאנדעלט פערשיעדענע ברענענדיגע ענינים פונ'ם יודישען כלל. ס'זענען אנגענומען געווארען רעזאלוציעס וועגען כשר'ע קיכען פאר יודישע זעלנער, וועגען שאפען אומזיסטע טייהאלען און ביליגע קיכען פאר ארימע-לייט, וועגען בעפרייען יודישע זעלנער אויף יום-טובים. עס איז ארויפגעלייגט געווארען א חוב אויף אלע יודען צו שיקען יערליך מינדעסטען צוויי פעקלעך עסענוואַרג קיין רוסלאַנד.

צווישען אנדערעס איז אויך אָנגענומען געוואָרען אַ שאַרפע רעזאלוציע קעגען לוקסוס. ס'איז ארויפגעלייגט געווארען א חוב אויף אלע רבנים צו גרינדען חברות וואס זאלען קעמפען קייגען לוקסוס אין דער קליידונג און מעבלירונג, ביי חתונות און אנדערע מאָלצייטען א. ד. ג.

זאל מען נישט לאכען, וואָס קענען רבנים דאָ אויפטוען?

דער לוקסוס וואָס ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג דריקט היינט אויף יעדען גאָר שטאַרק און איז א גרויסע פאָלקס-פלאָג. ווייל דער לוקסוס איז אויך א שטערונג ביי שידוכים און חתונות קיינער קען זיך אָבער פון אים נישט בעפרייען ווייל קיינער וויל נישט זיין קיין אויסנאם. דער איינציגער וועג איז דער וואָס די רבנים ווייזען אָן, שאפען חברות צו קעמפען קייגען לוקסוס און ס'ערשטע ביי זיך אליין, בשותפות וועט שוין נישט זיין קיין חרפה אבצוזאָגען זיך פון לוקסוס.

מ'וועט זאָגען די צייט איז שלעכט מ'קען זיך סיי ווי נישט דערלויבען אויפ'ן אלערוויכטיגסטען מ'כלשכן אויף מותרות.

פארדאָס מוז מען ערשט רעכט ארבייטען קייגען לוקסוס, מ'זאל נישט אויסגעבען אויף מותרות, און דערנאָך מוזען אבשפארען אויף וואס וויכטיגער איז, אויף עסען וואס גראָבט אינטער דאָס פאָלקסגעזונט.

פארצייטענס איז עס געוועזען א זעלבסט פארשטענדליכע זאך אז רבנים פלעגען רעגולירען דאָס עקאנאמישע און סאציאלע לעבען פון יודען. די פארצייטישע פנקסים פון די קהלות זענען פול פון אזעלכע תקנות, נאָך, די גאוני צרפת פון פאר די בעלי התוספות פלעגען זיך אפט צוזאמעקומען און שאפען פראקטישע תקנות פאר'ן לעבען פון וואנען ס'שטאמען אויך די אזויגערופענע תקנות שו"ם וואס פארפליכטען נאָך היינט, ביי אלע יודען. אויך דער ועד ארבע ארצות פלעג צווישען אנדערעס ארויסגעבען תקנות געגען לוקסוס. זאָל דאָס איצטיגע זיין א גוטער אָנהויב.

# די סכנה פוז דער קאלענדער רעפארם.

דאָס יודישע קאמיטעט אין ציריך געגען דער קאלענדער רעפארם, אין וועלכענס שפיץ ס'שטעהט דער חשובער צוריכער רב ד"ר לעווענשטיין איז זעהר בעזארגט וועגען דעם צו עס וועט געלונגען צו ווירקען ביים פעלקער בונד אויפצוהאלטען דאס רעפארמירען דעם קאלענדאר אדער אז ס'זאלען כאטש נישט איינגעפירט ווערען קיין בלאנקאָ טעג. די בלאנקא-טעָג וועלען גורם זיין דערצו אז דער שבת וועט אויספאלען יעדעס יאהר אין אן אנדערען טאג פון דער וואך.

דאס דערמאנטע קאמיטעט ארבייט זעהר ענערגיש מיט פערשיעדענע מיטלען און אויף פערשיעדענע אופנים.

אין דער גאנצער וועלט ווערט די ארבייט פונם דאזיגען קאמ. געשטיצט מיט אלע כחות. אזוי האט אין רומעניען הרב צירעלסאָן זיך געווענדעט אין נאמען פון די רומענישע יודען צו דער רומענישער רעגירונג אז דער רומ. פערטרעטער ביים פעלקער בונד זאל אונטערשטיצען די יודישע פאסטולאטען. אויך אויסערן מיניסטער זאלעסקי האט זיינערצייט דאס זעלביגע פערשפראכען.

דאס הויפט געוויכט לייגט אבער דאס צוריכער קאמיטעט אויף זאמלען פראטעסט אונטערשריפטען און די פראטעסטען איינשיקען צום פעלקער-בונד. איבעראל אין דער גאנצער וועלט כמעט זענען שוין די חתימות געזאמעלט געווארען. נור ביי אונז איז נאָך גאר נישט געטוען געווארען.

אויך קיין קראקא איז צו דער קהלה שוין איניגע מאהל געקומען אויפפאדערונגען פון ציריך צו זאמלען חתימות און מ'האט נאך נישט אנגעהויבען אפילו. די צייט איז אבער קורץ. דער פעלקערבונד וויל נאך דעם זומער בעשליסען די רעפארם און דוקא מיט בלאַנקאָ-טעג.

עס מוז דערום אין קראקא זיך תיכף שאפען א קאמיטעט וואָס זאל ארגאניזירען די חתימות־זאמלונג. נאך מעהר קראקא דארף אויך ארגאניזירען די פראווינץ אין גאנץ מערב גאליציען. אהן די חתימות פון די יודען אין פוילען, דעם גרעסטען יודישען קיבוץ אין איראפא וועט זיך דער פעלקער-בונד צו די יודישע פראטעסטען אודאי נישט צוהערען.

ווי מיר ווערען אינפארמירט, האט אין דער לעצטער צייט דאס היגע ראבינאט די זאך אין די האנד גענומען און מאכט ענערגישע שריטע בכדי די אקציע מיט ערפאלג דורכצופיהרען.

איי! דאס וועט זיין א שרעקליכע גזירה פארן יודישען פאלק וועלכעס ליידט פון דער אומאורדנונג אין דער וועלט פיעל מעהר וי די גרויסע ביזנעס לייט — וועגען ארמיעס. איז דעריבער די סכנה גרויס אז די קאלענדער רעפארם זאל אנגענומען ווערען.

איז עס טאקי א חרפה פאר דער קולטור-וועלט! וועגען א קליינינגקייט צו וועלען פאר שאפען קלאפאטעס א גאנץ פאלק וועלכען ס'פעלט אן דעם אויך נישט קיין צרות קיין דאגות.

פאר אונזער שבת און פאר אונזער פעראַרימטער ווירטשאפט איז עס א שרעקליכע גזירה וואס די גרעסטע שונאים וואלטען זי ערגער נישט געקענט אויסקלערען.

זייט קנאפ צוויי טויזענד יאחר גלות איז אזא קלאפ פאר אונזער שבת נאך נישט אויסגעקלערט געווארען.

אויב די געפלאנטע קאלענדער־רעפארם זאל דורכגעפירט ווערען וועט אויסקומען שבת אמאל מאנטאג אמאל דינסטאג א. א. ווי.

נא דיר פלוצים א פראסטע מיטוואך מהואן בגדי שבת. פאר טאך די געשעפטען און זינג זמירות. א שווערער נסיון פאר פראסטע יודען פאר שוואכע מענשען. פאר'ן יודישען מסחר א שרעפליכער קלאפ. די סוחרישע פארבינדונגען מיט דער נישט יודישער וועלט וועט אויסערגעוועגליך געשטערט ווערען, נישט יודישע קונים וועלען שווערלך קענען קויפען ביים יוד, ס'וועט זיין א מורא'דיגע ערבובי'.

מוזען מיר זיך אנטוען א כח.

מוזען מיר ווי צום שארפסטען פראטעסטירען. אולי ירחם.

מיר מוזען זאמלען פראטעסט־אונטערשריפטען וויעפיעל נאר מעגליך. וואס מעהר כעסער.

אין דער וועלט האט מען עס שוין פון לאנג געטין א שטאדט ווי אמסטערדאם האט אליין געליעפערט מעהר פון 40 טויזענד אונטערשריפטען, ביי אונז דא נאך נישט ס'איז אבער שוין די לעצטע מינוט.

זאל דערום יעדער יוד יונג אין אלט, מאן און פרוי זיך חתמ'נען. ס'טאר קייגער נישט פעלען.

צ. נ—ז.

# שטורמדיגע זיצונג פון דער קראקאווער קהלה.

## ווער איז שולדיג אין די מחלוקת'ען?

די נייע קהלה אין קראקא, די ערשטע דעמאָקראטישע קהלה געוועלט אויפ'ן יסוד פון אלגעמיין וואהל־רעכט — איז געבוירען געוואָרען אונטערן שטערן פון מזל מאדים, ווייזט אויס. רק מ'האלט אין איין ארומרייסען זיך. אין איין ארומקריגען זיך. ס'קריעגט זיך דער ראט מיט דער פערוואלטונג. ס'קריעגען זיך דער אסימילאטארישער קהלה פרעזעס מיט'ן אסימילאטארישען פרעזידענט פון ראט. ס'קריעגען זיך די ארט. פרנסים מיט די ארט. קהלה ראַטמענער. ס'אמפערן זיך די ציונים צווישען זיך. אויב ס'זאָל אזוי ווייטער געהען איז שווער צו ערווארטען עטוואס פאזיטיוועס פון אזא קהלה ארבייט. ס'פרעגט זיך ווער האט אייגענטליך אינטערעסע אין דעם ווירווואר, אין דער אונפרוכטבארקייט פון דער קהלה און ווער איז דער גורם צו אָט דעם מצב?

ס'עפענט די זיצונג זונטאג נאָכמיטאָג מיט א צוויי שעה'דיגער פארשפעטיגונג ד"ר פישלאָוויץ. אויף דער טאג אָרדנונג שטעהט די בודזשעט־פראגע אין דער אנשלוס פון פאדגירז צו קראקא. וויצעפארז. ה. סטעמפעל גיעט אָפ בעריכט פון דער בודזשעט קאמיסיע. די קאמיס'ע האט אויסגעארבייט א מעמאראנדום צום מאגיסטראט וועגען בודזשעט און פערלאנגט אז די פערוו. זאל איבערגעבען דאס מעמאראנדום צום מאגיסטראט. פרעזעס ד"ר לאנדוי זאגט זיך אויף אם קאטעגארישען אופ'ן ארויס געגען דעם. ממה נפשך, איז דער מעמאריאל פון ראט דער זעלבער וואס דער פון דער פערוואלט'נג איז ער דאָך איבריג אלא נישט וויל ער, דער פרעז. נישט אז ביים מאגיסטראט זאָל אויסווייזען אז ס'איז פארהאן סכסוכים צווישען ראט און פערוואלטונג. אין א אויפרעגענדען טאָן ווענדעט זיך דער פרעזעס צו די ציוניסטען „איר זענט שולדיג אין דעם אלעם איר און אייער דזיענניק“. וואָס איר האט בכיוון אין אייער צייטונג דעם קלענסטען סכס'ך ציבלאזען און פון יעדען נאַרישקייט געמאכט א מח'וקת אזוי אז דער מאגיסטראט־ראט זאל בעקומען דעם איינדרוק אז דער ראט איז נישט אייניג מיט דער פערוו. און ממילא אויך מיט'ן בודזשעט.

די צ'ונים אליין האבען אין דער פערוואלט'נג געשטימט אז מ'בריך נישט פארלייגען דעם בודזשעט פאר דעם ראט און אין ראט מאכען זיי שטורם געגען דער פערוו. פאר דעמזעלבען חטא.

ד"ר שרייבער קייעס איבער זיינע מעלה־גירה'דיגע אנפאלען אויף די כלי קדש א'ן פארלאנגט מ'זאל געבען א אונצוטרויוואטום דעם ראט און ביידע פרעזעסען.

ראטמ. ד"ר שווארצבארד פערענפערט זיך געגען די פארוואָרפען פון ד"ר לאנדוי אויפ'ן אדרעס פון די ציוניסטען. ער זאגט אז די ציונ'ים האבען נישט געמיינט אנצומאכען מחלוקת צווי'שען ראט אין פערוו. זיי האבען א'יך נישט געהאט די כונה צו פארשווארצען די פער'ו. אין די אויגען פ'ן מאגיסטראט. פא קערט זיי די צ'וניסטען ווילען גאר שלו' נישט ווי ד"ר שרייבער. ס'ענטוויקעלט זיך א העפטי'ער וויכוח צווישען ד"ר לאנדוי און ד"ר שווארצבארט. דער לעצטער שרייט אויס צו ד"ר לאנדוי: „איר האָט געוואלט רעגיערען אהן א בודזשעט“ איר האָט אלעמאל ליעב צו בעל ביתע'ווען אהן א בודזשעט ד"ר לאנדוי ווייזט אויף אז ער האט אויף די זיצונגען פון דער פערוו. כסדר געפאדערט פארצ'לעגען דעם בודזשעט דעם ראט נור די ציוניסטען האבען געשטימט געגען. פעראורזאכענדיג אזוי ארום דעם סכסוך און דערנאך האבען זיי דעם סכסוך צושמירט אין דזיענניק געבענדיג דערמיט בערעכטיגונג דעם מאגיסטראט פאר דען נישט בעשטעטיגען דעם בודזשעט.

וויצעפ. ה' סטעמפעל מאכט אויך געוויסע פארוואורפען דער פערוו. און לעגט פאר ענטשפרעכענדע רעז. אויך וועגען דעם מעמאר. פון ראט צום מאגיסטראט. די רעז. ווערען אנגענומען, דאגעגען אלע רעז. פון ד"ר שרייבער בעקומען 1 שטימע, און ווערען אזוי ארום איינשטימיג... אָבגעוואָרפען.

## צו זאל קראקא איינשלינגען פאדגורז?

אויף דער ז'נמאגדיגער זיצונג איזאויך בעהאנדעלט געוואָרען די פראגע פון אנשליס פון פאָדגורזע צו קראקא. וויצע פרעזעס ה' סטעמפעל פערלאנגט אויפקלערונג פון דער פערוואלטונג אין דעם ענין צו עס זענען געפיהרט געוואָרען פערהאנדלונגען מיט פאָדגירז אין מיט וועמען? פרעז. ד"ר לאנדא ענפערט, אז די פערוואלטונג איז אייגענטליך נישט פאר דעם אנשלוס. קראָקא וועט נור האבען קלאָפאטעס דערפון, נור דער עיקר ברענגט דערצו די שחיטה פראגע. ראטמאן ר' אשר שפירא רעדט ארום באריכית די שח'טה פראגע. פאָדגורז קאָנקורירט ביי דער שחיטה שטארק מיט קראקא, מ'האָט שוין פיעל מיט פאָדגורז אונטערהאנדעלט זיי זאָלען אָרדנען די שחיטה פראגע, זיי זאָלען נישט שעכטען ביי נאכט, אויך האט די קראקאווער קהלה געוואלט פאכטען די פאָדגורזער שחיטה, אבער די אלע פערהאנדלונגען האבען צו גאר נישט געבראַנגט. אויפ'ן אנטראג פון וויצע פרעז. ה' סטעמפעל ווערט דער ענין איבערגעגעבען א קאָמיס'ע.

## די גאלעריע לאזט נישט רעדען שרייבער'ן.

בעת'ן בעהאנדלען דעם אנשלוס פון פאדגורז האט ד"ר שרייבער אנגעהויבען פארלעזען פון א צייטונג ניבול־פה, איז געווארען א גרויסער שטורם אויף דער גאלעריע, מ'הערט אויסרופען „מיט פארנאגראפיע געהט אין אייער קולטור־ליגע“ און עהנליכע אויסרופען. די גאלעריע זינגט וטהר לבינו, טייל ראטמענער האלטען אונטער, ארבייטער יונגלעך פון פועלי א"י זינגען זייער הימן „נישט פערצווייפלען“, נאך 3 פיערטעל שעה שטעהן אויף דער טריבונע און נישט רעדען, געהט נעבעך דער בונדיסטישער ראטמאן אראפ פון דער טריבונע נישט פערענדיגענדיג זיין רעדע.

# צו אונזערע לעזער!

מיר מאכען אויפמערקזאם אונזערע ח. לעזער אויף דער העכסט אינטערעסאנטער און שפאנענדער היסטארישע ערצעהלונג א. נ.:

# אסתר המלכה

וואס הייבט זיך אן דריקען אין אונזער צייטונג. — עס איז אן אמת'ע דערצעהלונג פון א יודישער קעניגין אויפן פוילישען טראהן.

די ערצעלונג שילדערט אין א שענעם סטיל דאס לעבען פון די דאמאלסדיגע יודען אין פוילען און איז רייך אין שפאנענדע מאמענטען און סצענעס, ווי אן

## עלילת־דם פראצעס אין קראקא — די וועגען פון א פאלשען משיח

פון די צייטען פון דער ערשטער יודישער מאסען איינוואנדערונג קיין פוילען. עס איז איינע פון די אינטערעסאנטסטע עפאכען אינ'ם יודישען לעבען ביי אונז אין לאנד מיט וועלכער עס איז כדאי זיך צו באקענען.

געשריעבען ספעציעל פאר אונזער וואכענבלאט „דאס ליכט". — — — — נאכדרוק פארבאטען.

## ענדליך נעמט זיך קראקא אויף קעמפען געגען חילול שבת.

דער חילול שבת ביי אונז אין שטאדט אזוי ווי אין דער גאנצער וועלט פארשפרייט זיך ליידער צוליעב די שווערע ווירטשאפטליכע נסיונות וואס דאס יודישע פאלק מאכט דורך און די נאכ־קריעגס יאהרען, מיט א אויסערגעווענדליכער שנעלקייט וואס עס איז א גרויסער וועהטאג פאר אזא יודישע שטאט ווי קראקא. פארדאס איז זעהר צו בעגריסען דאס שאפען פון דאס ניי א הברה שומרי שבת וואס זאל זיך אבגעבען בלויז מיט שמירת שבת.

אויף דער איינלאדונג פון ר' מאיר'ל ראפאפארט און ר' מיכאל פרענקעל איז זונטאג נאך מעריב פארגעקימען א גרינדונגס-פערזאמלונג פון דער נייער שומרי שבת. צווישען אנדערע זענען אויך אנוועזענד געווען פערשיעדענע גבאים פון שיהלען און בעלי-בתישע מנינים.

מ'האט בעשפראכען פערשיעדענע אופנים צו ארבייט. ס'זענען געוועזען פערשיעדענע אנטרעגע, יעדער איז אהיים געגאנגען מיט דעם וואונש פאר די אינציאטארען, זיי זאלען מצליח זיין אין זייער הייליגער ארבייט.

נאך פאר 4 יאהר צוריק האט דער קראקאווער רב שליט"א אינטענסיוו געארבייט וועגען צוזאמענשטעלען א חברה „שומרי שבת" פון אלע רעליגיעזע גרופירונגען, עס איז אבער דערפון גאר נישט געווארען דורך דעם פירוד הלבבות וואס עס הערשט לייד‌ער צווישען די פערשיעדענע חסידישע גרופירונגען אליין. פערגאנגענעם שבת הגדול האט דער רב שליט"א אין דער דרשה ווידער מעורר געוועזען עטוואס צו טהון קייגען דעם וואקסענדען חילול שבת אין שטאדט, און די חברה ש"ש ענדליך צו ארגאניזירען.

וויענדיג בעאונרוהיגט וועגען דער אונטעטיגקייט פון דער היגער ארטאדאקסיע אויף דעם אזוי וויכטיגען געביעט, האט דער רב פאר עטליכע וואכען אליין גענימען די אינציאטיוו אין דעם ענין און לויט ווי אלע סמנים ווייזען וועט עס געלונגען צו דער-גרייכען א הארמאנישע צוזאמענארבייט פון אלע רעליגיעזע יודען לשם קדושת שבת.

ס'האבען גערעדט ר' מיכאל פרענקעל, ר' מאיר'ל ראפאפארט די ה"ה מ. לעזער א. גאלדגארד מ. האראוויטץ ש. שטערן האלפערן, י. מארקיס, שיקלער א. א.

ס'איז געוועזען ווערט צו הערען מיט וואס פאר א בעגייס-טערונג בעלי־בת'שע יודען האבען גערעדט וועגען דער ארבייט פאר שמירת שבת און ווי אפטימיסטיש זיי זענען בנוגע די ער-פאלגען. בכלל האט געהערשט זעהר א האפנונגס-פאלע שטימונג. אלע רעדנער האבען אויפגעוויזען מיט פאקטען, ווי ס'געלונגט דורך אויפקלערונג, יחידים אפצוהאלטען פון עפנען די געשעפטען אים שבת.

---

## א רעלעגאציע פון פאדגורזער קהל אין דער קראקאווער קהלה.

זונטאג האט זיך אין דער קראקאווער קהלה פארגעשטעלט א דעלעגאציע פון פאדגורזער קהל אין די פערזאנען פון פרעז. ד"ר פערבער און ר' יאשע צוקער. זיי האבען אנגעטראגען פריעד-ליכע פערהאנדלונגען מיט קראקא, וועגען דער שחיטה פראגע.

---

## א קאנפערענץ פון ארט. ראטמענער און פרנסים אין לעמבערג.

זונטאג ער"ח שבט וועט פארקימען אין לעמבערג א גרויסע קאנפערענץ פון ארט. ראטמענער און פרנסים און וועלכער ס'וועלען זיך בעטייליגען אויך חשובע ארטאדאקסישע פערזענליכקייטען פון ק. פוילען, אין אלע ארט. דעפ. און סענאטארען. ס'האבען אויך צו געזאגט זייער בעטייליגונג חשב'ע רבנים פון אסט גאליציען.

ס'איז פאראויסגעזעהן די שאפונג פון א אויבער-ראט פון ארט. פרנסים און ראטמענער.

גלייכצייטיג קומט אויך פאר אין לעמבערג די לאנדעס-קאנפערענץ פון „אגודת ישראל" אין אסט גאליציען.

# וואך קאלענדער

מיט היסטארישע דאטען און יאהרצייטען.

**פרייטאג ו׳ וארא כ״ז טבת**

נפטר געווארען הג׳ ר׳ שמשון רפאל הירש אב״ד פראנקפורק

ה׳ קע״ג רעליגיעזער ויכוח צווישען די שפאנישע רבנים און דעם משומד סאנקטא פיפא.

ה׳ תקס״ת גיעט קעניג נאפאלעאן בירגעררעכט פאר יודען.

**שבת כ״ח טבת ש״מ מולד מאנטאג פארט. 6. 21. 4.**

נפטר געווארען הגאון ר׳ יקותיאל זלמן ב״ר נח יחיאל אב״ד דק״ק לבוב, הרי״.

**זונטאג כ״ט טבת**

נפטר געווארען א ברודער פון תוספת יו״ט הגאון ר׳ יוסף ב״ר נתן הלוי העלער פון לעמבערג.

הג׳ ר׳ נתן הכהן אדלער אב״ד אין לאנדאן ה. תר״נ.

הג׳ יהוסף הלוי דער זוהן פון בארימטען ר׳ שמואל הנגיד ד׳ אלפים תת״ה.

הצ׳ ר׳ ירחמיאל ישראל יצחק דער אלעקסאנדרער רבי.

ניקאלאי דער ערשטער איז מבטל דעם בלוט-בילבול אין וועליז ה. תקצ״ה.

ה׳ תרנ״ח איז נפטר געווארען הג׳ ר׳ יהושיע דיסקין בריסקער רב.

**מאנטאג א׳ שבט**

נפטר געווארען דער מהר״ם שיק חיסטער רב

הצדיק ר׳ יצחק פון קאליש

הג׳ ר׳ אברהם משולם זלמן רב אין אוסטראה זוהן פון חכם צבי.

**דינסטאג ב׳ שבט**

יאהרצייט פון רבין ר׳ זישא, ברודער פון רבין ר׳ אלימלך פון ליזענסק פון די גרעסטע תלמידים פון רבין ר׳ בער פון מעזריטש.

נפטר געווארען הצדיק ר׳ ליב מוכיח מפולנאה.

געשטארבען ינאי המלך ג׳ תרפ״ה ואותו היום שמת ינאי המלך עשאוהו יו״ט. שמחה היא לפני הקב״ה כשרשעים מסתלקין מן העולם (מ״ת).

געגרינדעט געווארען די שרעקליכע אינקוויזיציע אין סאביליע שפאניען ה׳ רמ״א.

**מיטוואך ג׳ שבט**

נפטר געווארען דער קלאסנער רב הג׳ ר׳ יחזקאל שרגא תאומים פרענקעל ה׳ תרמ״ה

נפטר הג׳ ר׳ חיים יהודה ליב סג״ל איטינגער לעמבערגער רב.

די שפאניער נעמען איין גראנאדע און פארטרייבען פון דארט די יודען ה׳ רנ״ב.

אנטלאפענע פארטוגיעזישע יודען בויען אין אמסטערדאם די ערשטע שיהל.

**דאנערשטאג ד׳ שבט**

יאהרצייט פון רבין ר׳ משה ליב, סאסאווער רבי גרעסטער תלמיד פון רבין ר׳ שמעלקא פון ניקלסבורג.

פאגראמען אויף יודען אין בארדיטשוב, ה׳תרע״ט.

נפטר געווארען ר׳ אברהם הכהן מקאליסק פון די ערשטע חסידישע רבי׳ס אין ארץ ישראל. ה׳תקס״ה.

---

ברכת נדא טבא לכבוד הבחור המופלג עסקן חרדי נלהב כמר זאב פלוהר לרגלי ארושיו.

ידידו יעקב שטיעל

---

# לערן דריי זאכען פון א קינד און זיעבען פון א גנב.

צו דער יארצייט פון רבי׳ן ר׳ זישא ב׳ שבט.

דער רבי ר׳ זישא פלעגט יעדע דריי חדשים קומען צום ר׳ ר׳ בער דעם גרויסען מגיד. אמאל איז ער געקומען אין תיכף ביים שלו׳ נעמען הייסט אים דער רבי ר׳ בער צוריקפאהרען. ער האט געוואוסט אז ס׳איז פארפאלען. דער ר׳ האט געזאגט וועט ער זיין ווארט נישט צוריקציהען, איז דער ר׳ ר׳ זישא געבליבען שטעהען זעהר בעזארגט. מיט וואס פארט ער אהיים? פינוואנען וועט ער נעהמען גייסטיגע נאהרונג אויף די פאלגענדיגע דריי חדשים. דער ר׳ האט פארשטאנען זיינע מחשבות זאגט ער אים איך וועל דיר עפעס מיטגעבען וואס וועט דיר נוצען צו עבודת השם. לערן דריי זאכען פון א קינד און זיעבען זאכען פון א גנב. א קינד איז תמיד פריילין, זיצט נישט ליידיג קיין מיניט, אז ס׳פעלט אים עטוואס וויינט עס. 1) א גנב ארבייט דער הויפט ביי נאכט. 2) אז ער מאכט נישט פארטיג דאס שטיקעל ארבייט אין איין נאכט טוט ער פארזעצען זיין ארבייט די אנדערע נאכט. 3) ער האט מסירת נפש פאר דער קלענסטער זאך. 4) אז ר׳האט שוין דערגרייכט דעם ציעל גיט ער דעם חפץ אוועק פאר א קלייניגקייט, דאס דערגרייכטע האט נישט ביי אים קיין גרויס חשיבות, נאר ווייטער צו ארבייטען. 5) צווישען גנבים הערשט גרויס אחדות, זיי האבען זיך ליעב. 6) מ׳שלאגט אים מערדערליך און ער זאגט נישט אויס ר׳איז נישט מודה (ד. ה. מ׳זאל זיין א הצנע לכת אין יודישקייט). 7) ער וועט זיין פאך קיינמאל נישט פארטוישען אויף עפעס אנדערש.

# ווען איז די תורה מתיר אפיקורס׳עם?

צו דער יאהרצייט פון רבין ר׳ משה ליב מסאסוב ד׳ שבט.

די גמרא זאגט „כל דאסר לן רחמנא שרא לן כוותי׳" אלעס וואס די תורה פארבאט אונז איז זי אויך אמאל מתיר. האט דער ר׳ ר׳ משה ליב געפרעגט, ווען איז די תורה מתיר אפיקורסות? ביי צדקה! איז געווען די תשובה. אז ס׳קימט צו דיר אן ארימאן זאלסט דו נישט זאגען, דער אייבערשטער שפייזט אזא גרויסע וועלט, דער אייבערשטער איז א „זן ומפרנס מקרני ראם ועד ביצי כנים", ער שפייזט פון די הערנער פין ווילדער ביז די אייערלעך פון קלענסטען ווארם, איז, ווען השי״ת וואלט געוואלט דער ארימאן זאל האבען צו עסען, וואלט ער אים גאנץ גרינג אויך געקענט מפרנס זיין, און אז השי״ת גיעט אים נישט מסתמא איז ער נישט ווערט, פארוואזשע זאל איך געהען קייגען דעם רצון הבורא און אים יא געבען עסען — זאלסט אזוי נישט זאגען.

ביי צדקה-געבען זאלסט דו נישט אין זינען האבען די השגחה עליונה, ביי צדקה-געבען הייסט דיך די תורה נישט אין זינען האבען נאר דעם נתן תתן, דו זאלסט געבען און נאכאמאל געבען ס׳זאל זיך דיר דאכטען אז ס׳איז נישט פארהאן קיינער אין דער וועלט וואס קען דעם יוד העלפען נאר דו אליין.

---

מעומק לבנו הרנו מברכים את כבוד העסקן אגודתי האברך המופלג מרדכי גוטמאן נ״י לארושיו. תהי עתידו מזהיר

האחים פנחס ויוסף וואלה

# אסתר המלכה

היסטאָרישע ערצעהלונג. 1.

פון עתניאל

הקדמה.

עס איז געוועזען אין דער ערשטער העלפט פונ'ם פערצענטען יאהר הונדערט לויט געוועהנליכער צייט רעכנונג.

די לאגע פון די יודען אין גאנץ איירופא איז געווארען שלעכט ווי נאָך קיינמאָל גישט, ממש נישט צום איבערהאלטען, פון ענגלאנד אין פראנקרייך זענען די יודען געוועזען פאלשטענדיג פערטריבען, דאס אריינקימען פון יודען אין די לענדער איז געוועזען שטרענג פערבאטען. אמאל זענען יודען — וואס האבען אהין פערבלאנדזעט — בעשטראפט געווארען מיט די אכזריות'דיגסטע טויט-שטראפען פאר דער העזה צו וועלען בעטרעטען זייער געהייליגטען קריסטליכען באדען.

אין די דייטשע לענדער זענען פארגעקימען די שרעקליכסטע און בלוטיגסטע יודען פערפאָלגונגען. די קרייצציגע האבען איבעראל איבערגעלאזט גרויסע מהנות רויבער-באנדען וואס האבען זיך געמאכט א פרנסה פון דער גרינגער און איידלער מלאכה פון רויבען און מארדען. זיי פלעגען איבערפאלען גאנצע שטעדט אין וועלכער ס'זענען געוועזען גרעסערע יודישע ישובים און אין נאמען פון הייליגען קריעג בערויבען און אויספלינדערן גאנצע שטעדט, צונעמענדיג דאס מיט שווערער מיה און אונטער די שווערסטע אומשטענדען אנגעזאמעלטע יודישע האב און גוטס. גאנצע שטעדט זענען מיט דער גרעסטער אכזריות אויסגעהארגעט געווארען און דאס זיפצען און קרעכצען פון די דייטשע יודען איז געגאנגען ביז פאר'ן כסא הכבוד.

האט זיך השי"ת מרחם געוועזען אויף זיינע פעריאגטע קינדער און עס איז ארויס א בת קול צו די דייטשע יודען — אזוי דערצעהלט די לעגענדע — געהט קיין פוילען, דארט וועט איהר האבען מנוחה.

אין גאנץ איירא͏פא האט דעמאלט געקלינגען דער נאמען פונ'ם — נאך יונגען אבער זעהר בעריהמטען — פוילען-קעניג קאזימיר דעם דריטען, וועלכען מ'האט שפעטער געריפען קאזימיר דער גרויסער. ערשט א פאר יאהר ווי ער האט איבערגענימען די קרוין פון פוילען פון זיין פאטער וולאדיסלאוו לאָקיעטעק, און שוין איז איהם געלונגען צו צווינגען דעם בעמישען קעניג יאָהאן לוקסענבורג אויף דער פירסטען־קאנפערענץ אין טרענצין אין יאהר 1335, זיך אבצוזאגען פון די רעכט צו דער פוילישער קרוין און פון זיין טיטעל אלס קעניג פון פוילען וועלכען ער האט ביז דאמאלס געטראגען ווייל ער האט זיך געזוכט טענות צו דער פוילישער קרוין.

פוילען וואס איז געוועזען רואינירט פון די פיעל מלחמות און אינערע מחלוקת'ען האט יעצט אונטער די קלוגע און פעסטע ממשלה פון קאזימיר דעם גרויסען אנגעהויבען אפ'עטעמען און א ביסעל צו זיך קימען. עס האט זיך אנגעהויבען א צייט פון פרידען און פרידליכע אויפבוי-ארבייט אינ'ם לאנד גופא. קעניג קאזימיר האט אבער איינגעזעהן אז מיט אייגענע כחות וועט זיין אוממעגליך צו הייבען די טרויריגע ווירטשאפטליכע לאגע אין לאנד. האט ער געמאכט אלע מעגליכע פארלייכטערונגען פאר אלע אויסלענדער וואס קימען זיך בעזעצען אין לאנד. ספעציעל פאר יודען האט ער געמאכט פערשיעדענע הנחות ווייל די יודען אלס האנדעלס־פאלק זענען איהם געוועזען דער וויכטיגסטער אימיגראנטען-עלעמענט, ווארים אמטייסטען האט דאמאלס אין פוילען געפעהלט מענשען מיט האנדעלס־פעהיגקייטען.

שוין איז דאמאלס געוועזען אין פוילען א קליינער יודישער ישוב וואס זענען נאָך מיט א פאאר הונדערטער יאהר צוריק אריינגעקומען אין לאנד צוזאמען מיט דייטשע קאלאניסטען אבער די לעצטע פיפציג יאהר האט די איינוואנדערונג כמעט ווי אויפגעהערט. האט קאזימיר דער גרויסער ארויסגעגעבען אן אויפרוף צו אלע שכנים אז יעדער וואס פיהלט זיך נישט בעקוועם ביי זיך אין לאנד קען קומען זיך בעזעצען אין פוילען. ער האט צוגעזאגט אין דעם אויפרוף, צו געבען די אויסלענדער אלע פרייהייטען אזוי אז זיי וועלען זיך אין פוילען פיהלען ווי ביי זיך אין דער היים ווי אין אן אייגען געבורטס־לאנד.

דער אויפרוף איז געוועזען פאר די געדריקטע יודען אין דייטשלאנד אן אויסלייזונג פון דער שרעקליכסטער נויט און פון די ערגסטע רדיפות און זיי האבען עס געהאלטען ווי א ווינק פון הימעל „געהט קיין פוילען דארט וועט איר האבען מנוחה". גאנצע מחנות האבען צוזאמענגענומען זייער לעצט ביסעל זאכען און זיך געלאזט מיט שמחה אויף דעם געפערליכען וואנדער וועג צום לאנד פון פרייהייט — קיין פוילען.

## קאפיטעל 1

די רויבער באנדען אין דייטשלאנד זענען דאמאלס צווישען אנדערע שטעדט אויך בעפאלען א יודיש שטעטעל ביים ריין פאנראם, און א גרויסען טייל יודען חרוב געמאכט זייערע הייזער אויסגעפלינדערט און צוראבירט זייער פערמעגען, א טייל האבען זיך שפעטער אנגעהויבען ווי עס איז צוריק איינצואורדנען. א קלענערע טייל פון זיי האט אבער בעשלאסען באלד נאך די שלשים פון די טרויריגע געשעהנישען אונטערצונעמען די שווערע און געפעהרליכע רייזע, צו געפונען א מקום מנוחה אונטערן שוץ פונם גרויסען קעניג קאזימיר.

אויך דער רב פון שטעדטיל דער גרויסער תלמיד חכם ר' יהושיע בן אברהם, וועמענס רביצין איז אומגעקומען פון די הענד פון די הייליגע רויבער בעת דעם לעצטען פאנראם — האט זיך אנגעשלאסען צו די אויסוואנדערער. וויפיעל דאס שטעטיל האט אים געבעטען צו פארבלייבען חאט ער זיך אבער פארט נישט געקיינט ענטשליעסען צו בלייבען לעול ולמשא דעם שטעטיל וואס איז געוועזען פולקאם רואינירט און שרעקליך פעראריםט. ער האט געוואוסט אז ער טאר באין אופן נישט אין דער דאזיגער ביטערער צייט ארויפלייגען אויף דעם שטעטיל דעם עול פון זיין פרנסה.

אין פוילען ווידער האט זיך געפיהלט א שטארקער מאנגעל אין כלי קדש ווי רבנים שוחטים דיינים ראשי ישיבות וכדומה, ווייל ס'פלעגען אריינקומען מייסטענס נאר סוחרים. האט ר' יהושיע רואריבער גערעכענט אין פוילען לייכט צו בעקומען א שטעלע אלס רב וראש ישיבה, אדער שוחט.

(פארטזעצונג קומט)

# הרב ד"ר לעווענשטיין קומט קיין קראקא

קומענדיגע וואך קומט קיין פוילען ארגאניזירען די פראטעסט אקציע געגען דער קאלענדער רעפארם הרב ד"ר לעווענשטיין גענעראל סעקרעטער פון יודישען קאמיטעט געגען קאלענדער רעפארם.

ער וועט בעזוכען ווארשא, לעמבערג, קראקא א. א. שטעדט.

---

ברכת מז"ט חמה ונלבבה לכבוד ידידי הרב החריף המקובל הנגיר היחסן וכו' מוה"ר שלמה דאמיניץ שליט"א מוויעליטשקא לרגלי נשיאת בנו, יתן ד' שיראה נחת מיוצאי חלציו.

מאיר לענקאוויטש.

---

בברכת גדא טבא הריני מברך את האברך המופלג בנש"ק דוד האלבערשטאם נ"י לנשיאיו. תהי צעדו זה מאושר ומבורך.

זאב יהודה הלוי

---

ברכת מז"ט לכבוד האברך המופלג מאטעל גוטמאן נ"י לרגלי נשיאיו. יזכה לבנות ביתו על הרי יהודא.

ברוך דוד דרעננער.

---

בברכת מז"ט הריני מברך את האברך עסקן אגודתי מאטעל גוטמאן לנשיאיו. יבנה ביתו מתוך עושר ואושר.

משה הורוויטץ

---

את העסקן חרדי מר מאַטעל גוטמאן לנשואיו מז"ט חמה מעומק לב

מברך ידידו דוד לעווי

---

לנשואי עסקן צבורי חברי מאטעל גוטמאן הריני מברך אותו מעומק הלב בברכת גדא טבא. תהי' עתידו מאושר

יהושיע טייטעלבוים

---

בלב מלא חדוה הרינו מברך אותך אחי יקירי פנחס נ"י בברכת מז"ט חמה לארוסתך את ב"ג. תהא דרכך סוגה בשושנים תזכה לחוג את אפריונך ברוב פאר והדר

אחיך יוסף וואלף

---

הנני מברך בברכת מז"ט חמה את ש"ב הב' המופלג כמר פנחס וואלף נ"י לרגלי ארוסתו. תהי דרכו בחיים צלחה

ש"ב שלום וואלף

---

גם אני בין המברכים

חנוך בעער.

---

מעומק לב הרינו מברך אותך אחי יקירי ליפא נ"י לרגלי נשואך את ב"ג מרת רבקה נוסבוים מקענט. תבנה ביתך מתוך עושר ואושר. ישראל שטערנשוס.

---

לנשואי מר מאַטל גוטמאן נ"י הננו מברך אותו בברכת גדא טבא. ישראל ראטשטיין.

---



# קורצע ידיעות פון דער וואך.

— אויסערן מיניסטער זאלוסקי זאגט, אז פוילען דארף געבען די מינדערהייטען פולע פרייהייט אין רעליגיעזען נאציאנאלען אין קולטורעלען זין.

— אין וויען זענען פארגעקימען גרויסע אנטיסעמיטעשע דעמאנסטראציעס אין שייכות מיט'ן אויפפיהרען דעם רעמארק-פילם.

— די רעגירונג האט אבגעזעהן פון העכערען דאס דירה געלד דאגעגען זאל אבגעשאפט ווערען דער לאקאטארען-שוץ.

— אין ווארשא איז פארגעקימען א קאנפערענץ פון אסימילאטארען. מיט שמחה איז פעסטגעשטעלט געווארען דאס וואקסען פון אסימילאציע גייסט אין פוילען.

— אין אמעריקאנער קאנגרעס איז קאנגרעס-מאן שמואל דיקשטיין ארויסגעטרעטען שארף געגען ענגלישען „ווייס-בוך“.

— דער פרעזעס פון דער כעלמער קהלה א. בידערמאן וואס בעקליידט דאס אמט שוין קרוב 30 יאהר, איז דעקארירט געווארען מיט א זילבערנעם מעדאל.

— דער עקספארט פון א"י אראנזשען קיין אייראפא איז הייאהר געוועזען דאפעלט ווי פאר א יאהר. דער הויפט אבנעמער איז דייטשלאנד.

— די אימיגראציע קיין אמעריקא זאל פערקלענערט ווערען אויף א צעהנטעל ווי ביז איצט.

— דער יודישער יוריסט מעדאליע, איז געווארען פעדעראל-פראקוראר פון שטאט נוי-יארק.

— אין ברעמען (דייטשלאנד) זאל איינגעפיהרט ווערען א שחיטה פערבאט.

— אין דער פראגער אוניווערזיטעט ווערען איצט געלערנט די שירים פון ר' יהודה הלוי.

— די שומרי שבת אין א"י האט זיך געווענדעט צום וועד-לאומי, זיך משתדל צו זיין וועגען אבשטעלען דעם חילול שבת פון די יודישע אויטא-אונטערנעהמונגען אין א"י.

— אין א אמעריקאנער געריכט האט א יודישער ריכטער געמאכט א הפסקה אינמיטען א פראצעס אויף דאווינען מנחה מעריב.

— די באלשעוויקעס געהען אויסטוישען דעם יודישען א. ב. אויף דעם לאטיינישען.

— אין דער ישיבה „אור זורח“ אין תל-אביב, איז די טעג געפייערט געווארען דאס ברענגען א ניי ספר תורה וואס איז געשריבען געווארען אין ביאליסטאק.

---



---


אבאנאמענט'ס פרייז: א חדש 80 גר. א קווארטאל 2·40, א יאהר 9 זל. אויסלאנד א יאהר אנדערטהאלב דאלאר.

מאנוסקריפטען ווערען נישט צוריקגעשיקט. ביי אנפראגע אויף תשובה דורך דער פאסט דארף בייגעלעגט ווערען מארקען אויף תשובה

אנאנסען פרייז: פאר א מילימעטער שורה אויף דער לעצטער זייט 30 אין טעקסט און אויף דער ערשטער זייט 50 גר. דער עמוד געטיילט אין 4 שפאלטען גראטולאציעס א פעטיט-שורה 50 גר. די קלענסטע 2 זל

Wydawca i redaktor odpowiedzialny W L. Urbach. — Drukarnia M. Lenkowicza, Kraków, Rabina Meiselsa 4.